הילע און צייכענונגען אויף
זײַט: 4, 8, 32, 60, 62, 102
פון ד ו ד  ג אַ ר פ י נ ק ע ל

צייכענונג אויף זײַט 80
פון מ אַ ק ס אַ  נ אָ ר ד ו י

פאַרענדיקט צו דרוקן אין יוני 1961 אין דער
דרוקעריי וואָג, 176 קעי דע זשעמאַפּ, פּאַריז


IMPRIMERIE VOGUE
176, QUAI DE JEMMAPES, PARIS 10e

# ד אָ ס  וו אָ ר ט

גאָט האָט געזאָגט
ויהי אור
דאָס ערשטע וואָרט
און אויפֿן אָרט
האָט זיך אַ ליכט באַוויזן
און שעמערירנדיקע ווייסע ריזן
מיט טויזנטער צעגליטע גאָלדן־שפּיזן
צעטריבן האָבן דעם כאַאָס
און זונען שטערן מעטעאָרן
געבלענדעט און געפֿינקלט און געשיינט
געוואָרן איז דער ערשטער היינט
— — — — — — — — — — — —
אַזוי געבוירן איז דער קאָסמאָס דורכן וואָרט
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —
ס׳האָט דער קאַיאָר צעפֿלאַמט מיט פֿלאַמען
די ברייטע ימען
די הייסע זונענשטראַלן האָבן אָפּגעגילדט
די עפּעלעך פֿון עץ־הדעת...

# די אַלפּן

## בערג

די אַלפּן־בערג אַ וועג צום הימל
דער אַלפּן־ים פֿאַרפּלייצט די ערד
מיט מוראדיקע וועלן
שפּיץ און אָפּגרונט

דאָס גלײַכע האָט זיך אויסגעקרימט
דאָס גלאַטיקע צעשפּאָלטן
דאָס פֿלאַכע אײַנגעהויקערט

אָרום איז אַלץ האָרבאַטע שפּיציק־שאַרף און הויך
דאָרט וויקלט זיך אין רויך
אַ באַרג
אַ צווייטער
שטעלט צו צו אים אַ לייטער
און דראַפּעט זיך ווי אויף אַ וואַנט
אַ שטיינערדיקער נאַקעטער גיגאַנט

אַ באַרג
אַן אַנדערער ליגט אויף זײַן קאַרק
און שטעכט דעם הימל מיט זײַן נאָדל
ער קוקט אַ גדול
אויפֿן באַרג אַנטקעגן
אויף זײַנע דרייענדיקע וועגן
אויף זײַנע שמעקנדיקע פֿעלדער
אויף זײַנע שוואַרצע וועלדער
ווי שטעכעדיקע בערשט

ערשט
איז דאָ געווען אַ באַרג
וואָס האָט ווי אַ מאָנאַרך
געקיניגט איבער אַלע זיי
זײַן ווײַסע קרוין פֿון שניי
האָט אײַנגעהילט אַ כמאַרע

א לײַכטע פּאַרע
לאַנגזאַם קלעטערט אויף זײַן רוקן
פֿון אַלע זײַטן קוקן
שאַרפֿע פֿעלדזן שווערע סקאַלעס
און העכער נאָך העט אויבן
ווי אײביקע באַזעצטע כּלות
דאָרט שפּיצן שנײיִקע באַדעקט מיט לאַנגע
שלײערס ווײַסע
מיט אויסגעשטרעקטע וואָלקנהענט זיך רײַסן
אַראָפּ אַהין
ווּ אַזוי יום־טובדיק און גרין
צעוואָרפֿן שטיבעלעך און ביימער ווי בוקעטן

אַרום נאָר ריזיקע אַטלעטן
פֿאַרשרפֿעט פֿול אין גריבער און אין לעכער
וואָס ציען זיך אַלץ העכער העכער
דאָרט פֿון די שפּאַלטן אָן א צאָל
קאַסקאַדן וואַרפֿן זיך אין טאָל
און שרײַענדיק פֿאַר פּחד פֿאַלן פֿאַלן פֿאַלן
און ווערן ערגעץ ווײַט פֿאַרפֿאַלן
טיף טיף אין אָפּגרונטס

— — — — — — — — — — — — — — —

א רעשעדיקער וואַסערפֿאַל
דערציילט דערציילט מיט א געפּילדער

אין זײַן צעבושעוועטער ווילדער
שפּראַך
פון טײַך וואָס פליסט אַ גרויער קאַלט און פלאַך
פון אַלטן באַרג וואָס דאָרטן אויבנאָן
צום הימל שטרעקט דעם צאָן
פון זקנ׳ם באָרד וואָס לאַנג און ווײַס
באַדעקט אים מיט אַ ים פון אײַז.

אין דער פרי

פון באַרג צו באַרג
פון קאַרק צו קאַרק
פון וואַנט צו וואַנט
שפּאַנט
אַ וואָלקן אַ גיגאַנט
גייט
לעננאוים דער אַלפּן־קייט
שוין קומט ער צו די שפּיצן
וווּ אייביקע גרײַז־גרויע זקנים זיצן
מיט דימענטענע קרוינען אויף די קעפּ
קאַסקאַדן פאַלן דאָרט צעפלאָכטענע ווי צעפּ
פון פעלדזנטרעפּ
אָט דראַפּעט ער זיך ווײַטער
דער ווײַסער ריז

בלײַבט הענגען אויף אַ שפּיז
ער קוקט פֿון דאָרט אַרײַן אין אַלע לעכער
און קלעטערט העכער העכער
אויף מוראדיקע מויער־שטיגן

פֿאַרשלאָפֿענע זיך דאָרטן וויגן
און טרוימען גרינע נאָדל־צווײַגן
דאָרט וועלדער טויזנט־יאָריקע פֿאַרצויבערט שווײַגן
דאָרט אָדלערס קומען אויף באַזוך
דער וואָלקן וואַרפֿט אויף זיי אַ לײַכטן כלה־טוך
און ס'ווערט דער וואַלד פֿאַרשוווּנדן
די קײַקלדיקע רונדן
פֿאַרוויקלען זיך אין שווערע קנוילן
זיי קלעפּן זיך צום באַרג צום הוילן
און רינגלען זיך און קריכן צווישן שפּאַלטן
ווי שלאַנגען פֿייגל חיה'שע געשטאַלטן

דערנאָך צעוויקלען זיך און גליטשן זיך אַראָפּ
אויף גלעטשעראײַז פֿון גרוב צו גרוב
און ביז צום אָפּגרונט טיפֿן
באַלד הייבן אָן דאָרט טראָפּנדלעך צו טריפֿן

— — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר שוין געזעגנט זיך דער וואָלקן מיט די טאָלן
ער הייבט זיך לײַכט צעציט זיך אין אַ גאַרטל שמאָלן

און פלוצלונג וואקסן אוים פוןביידע זייטן
צוויי ווייסע פליגלען זיי פארשטעלן אלע ווייטן
איין אקסל שפארט זיך אָן אין הימל
אויפן בארג דער צווייטער
און ברייטער
די פליגלען נאָך צעשפרייט ער
מען קאָן נישט וויסן
צי איז עס בארג צי וואָלקן שוין צעריסן
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
דער ערשטער זונענשטראַל
וואַרפט טויזנט פייערלעך אין וואַסערפאַל
דער וואָלקן רייסט זיך ציט זיך ווערט אַלץ דינער

שוין קוקט אַרוים דער וואַלד דער גרינער
דער נעפל שווימט צום וואַסער
ווערט דורכזיכטיק ווערט בלאַסער

אָט זעט מען שוין אַרוים דעם צווילינג פעלדזן צוויי
זיי פינקלען מיט מיריאַדן ליכטעלעך אין שניי
אָט זעט מען שוין די שפּיצן
וווּ אייביק די גרייז־גרויע זקנים זיצן
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
און אַלץ אַרום ווערט ריין ווערט גרין און בלוי
און דאָ אין טאָל איז שוין דאָס גראָז באַדעקט מיט טוי.

דאָרטן אויבן אויף די הייכן

דאָרטן אויבן אויף די הייכן
שוועבט פון אייביקייט דער צייכן
ווערט דאָס האַרץ דאָרט ריין

דאָרטן אויף די הויכע הייכן
ווילט זיך ביז צום שפּיץ דערגרייכן
שטענדיק העכער גיין

דאָרטן אין די ווײַסע שנייען
ווונדער־גרינע סאָסנעס שטייען
אין אַ בלוילעך ליכט

דאָרטן צווישן ווײַטע שנייען
שאַרפע פרילינג־ווינטן ווייען
שמײַסן דאָס געזיכט

דאָרטן אין די שטילע שטילן
אויסגעקאָוועט ווערט דער ווילן
דאָס געמיט געשמידט

דאָרטן אינעם טאָג דעם שטילן
יונגע טײַכעלעך זיך שפּילן
זינגען בערג אַ ליד...

סען־זשערווע, מערץ 1957

## דער עדעלווייס

איך ווייס
דער עדעלווײַס
וואַקסט אויבן אויף די הויכע אָדלער־הייכן
נאָר ווען איך קאָנען דען צו אים דערגרייכן ?

ער בליט צעווישן סקאַלעס שאַרפע שפּיצן
אויף בערג צעשפּאָלטענע פון בלויע בליצן
פון קאַלט און הייס
דער עדעלווײַס

וועל איך דען קאָנען קלעטערן אויף שטעגן
וואָס גליטשן זיך פון אײַז פון רעגן
און גרויס
פון אָפּגרונט אויף אַ גלײַכער וואַנט
וועל איך דען קאָנען אויסשטרעקן די האַנט
צום עדעלווײַס
צום ווײַסן שטערנדל מיט דינעם ריח
וואָס פלאַטערט בלייך דאָרט אין דער הייך
צום עדעלווײַס

ווער ווייס ?

##ביים וואַסער

הוידלט זיך די שטאָט אין וואַסער
מיטן קאָפּ אַראָפּ
אַלץ זעט אויס דאָרט לײַכטער בלאַסער
מיטן קאָפּ אַראָפּ

אַלע ביימער אַלע שטיבער
אינעם וואַסערשטראָם
ווערן דאָרט מײַן האַרץ נאָך ליבער
אינעם וואַסערשטראַם

**טאַניע זיסמאַן**

טראָפּנס פֿינקלענדיקע שטיפֿן
ציטערט אַ זיגזאַג
דעכער וואַקלען זיך דאָרט טיפֿע
ציטערט אַ זיגזאַג

פֿענצטער פֿון אַ שלאָס אַן אַלטן
גיסן זייער שײַן
שווימען לאַנגזאַמע געשטאַלטן
גיסן זייער שײַן

שאָטנס פֿלאַטערן דאָרט העלע
דורך אַ זונענשטראַל
לויפֿן רינגעלעך דאָרט שנעלע
דורך אַ זונענשטראַל

זע איך דאָרט מײַן פּנים בלייכן
אויפֿן גרינעם פֿאָן
קוקט צו מיר פֿון וואַסערווייכן
אויפֿן גרינעם פֿאָן

זע איך דאָרט דאָס לעבן פֿליסן
מיטן קאָפּ אַראָפּ
אין אַ שטילן חלום זיסן
מיטן קאָפּ אַראָפּ

1957

## ביים וועג

די פעלדער דאָ ביים וועג
פאַרהילן מיינע טעג אין טרייסטן גרינע

די בלויקייט פון זעפיר
באַוועגט זיך אַרום מיר מיט ריחות דינע

די זון איז ערגעץ הויך
זי חלומט אין אַ רויך פון וואָלקנס פייכטע

זיך אָפּגעשטעלט די צייט
ווי לעבעדיקע זייד די גראָזן לייכטע

איך פיל איך בין נישט מער
ווי ס׳פליגעלע וואָס כ׳הער פאַרשלאָפן זשומען

עס בלאָנדזשעט מיין געשטאַלט
אין טונקלקייט פון וואַלד אין שווייגן פרומען.

לאַ ריפּ, 1960

## ווינדשטיין

אַלע בערג באַדעקט מיט שוואַרצע וועלדער
אומעטיקע פעלדער בענקען נאָך דער זון
קאַלטע ווינטן ווייען
דינע רעגנס גייען
קעלטער ווערט דערפון

ביימער דאָרט אַנטקעגן פענצטער וויינען
פאַלן טרערן קליינע פון איעדער צווײַג
קוקן צו די וועגן
שעפּטשעט זיי דער רעגן
שטיי און שווײַג

און דאָס לײַכטזיניקע טײַכל פרייט זיך
שלענגלט זיך און דרייט זיך נאָר די בערג אַרום
כאַטש די בלומען־קריינדלעך
נייגן זיך מיט חנדלעך
קוקן זיך נישט אום

שטיבעלעך צעוואָרפן ווײַט איינס פונעם צווייטן
שמעקנדיקע קווייטן בייגן אָן די קעפּ
הענער דאָרטן קרייען
קאַלטע ווינטן ווייען
דרימלען בלומען־טעפּ...

ווינדשטיין, אויגוסט 1957

## אויפֿן וועג קיין רוים

זע נאָר זיסעלע
ס'האָט דער טרויבן־קוסט פֿאַרנייגט דאָס פּיסעלע
ווי ער טאַנצט
פֿון די צווייַגן דינינקע
צווישן בלעטער גרינינקע
קוקט דער קראַנץ

וואַרט מייַן זיסעלע
האַרבסט וועט קומען האָב געדולד אַ ביסעלע
וואַרט נאָך צו
ווערסטו זען אין טוי געבאָרענע
טרויבן גאָלדיק־רויט באַלאָרענע
זיס ווי דו.

רוים, 1957

## טראַקאַדעראָ

אַרום נאָר הויכע פענצטער פון פּאַלאַצן
נאָר ביימער סעדער פּאַרקן
נאָר יום-טובדיקע לאָמפּן לײַכט געהילטע
אין ווינטערדיקער נעפּל-צירונג
עס איז פאַרשוווּנדן ערגעץ אין די וואָלקנס
דער קאָפּ פון אייפעל-טורעם
און נאָר זײַן דימענטענער גאַרטל פינקלט
אַרום נאָר שלאַנקע פאָרמען ברייטע טרעפּן
און צאַרטע לויכטנדיקע קרעלן
זיך שיקן שײַנענדיקע בליקן
פון סענער בריקן די לאַמטערנס

— — — — — — — — — — — — — —

די שוועבנדיקע פּראַכט איז מײַנע
נאָר איך שלעפּ מײַן אינדערוואָכן
אַרויף די לענג פון פּאַרק-אַלייען
און כ'פיל ווי קרענקלעך
ווי נודנע שטעכן זיך אַרײַן
די אַלע שטיינדעלעך אין מײַנע מידע טריט...

פּאַריז, יאַנואַר 1958

## די סענע ביי טאָג

אַ אָטעם מעכטיקער פון רויִקער באַוועגונג
אַ ליכטעלעך אין טאַנצנדיקע וועלן־פלאַמען

קומט קומענדיקע פֿײַערלעך אין מיר־אַדן אויגן
מיט טרערן גליקלעכע וואָס גיסן זיך פאַר פרייד
מיט צאַרטע הימל־גרינע בליקן

אַ לײַכטע שפּריצעלעך וואָס קלאַפּן אָן פֿאַמעלעך
אין שטיינערדיקע ווענט ווי קילע אָרעמס
וואָס וויגן וויגן וויגן

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ אָטעם מעכטיקער פון פריילעכער באַוועגונג
אַ חנעוודיקע גריבעלעך וואָס לויפן
וואָס אַנטלויפן וואָס צעלויפן זיך
וואָס אײַלן זיך צום ווײַטן פרײַען ים
ווי שפּיגעלעך וואָס ברעכן זיך און וואַקסן זיך צוריק צונויף

אַ צאַפּלדיקע גלעקעלעך
איר שײַנט איר לאַכט איר שפּילט
איר ברענגט דעם אייביק־וווּנדערלעכן טרייסט.

1959

טאַניע זיסמאַן

## די סענע ביי נאַכט

נאַכט אוןווינט
רינט רינט
שוואַרצע טינט
אַ לאַמטערן
פייַער צינדט
פון די שטערן
פאַלן טרערן
שאָטנס דריקן
קוקן בריקן
ווי די סענע רינט
נאַכט און ווינט
ציטערן פלאַמען
שווימען צוזאַמען
הוידלען זיך גלאַנצן
פונקען־קראַנצן
טאַנצן לאַמטערן

א קרוין אויפן שטערן
ציִען זיך ווערן
פײַער א בונד
פלאַמיקע דיסקן
גייען צו גרונט
קומען אַרוים
גיסן זיך אוים
שטומע וועלן
טראָפּנס קוועלן
טראָפּנס שטיפן
טריפן טריפן
גליטשן זיך צינדלען
זילבערנע פינטלען
נאַכט און ווינט
די סענע רינט
סודות שפינט
גיסט
פליסט
פון בריק צו בריק
שטענדיק פאָרוים
קיין מאָל צוריק.

טאַניע זיסמאַן

## אין קאַמפּיענער וואַלד

לענגאויס דער אַלייע
אַ ווינט טוט אַ ווייע
דאָס פליט אַ פייע

דיביימער זיי שטייען
פאַרפלאָנטערטע צווייגן
די פייגל שוין שווייגן

די ביימער זיך שטרעקן
צעשויבערטע עקן
די פייגל זיך שרעקן

דער גרינער סופיט
זינגט רויק אַ ליד
דער פייע וואָס פליט

מיין האַרץ איז געבליבן
אין טונקעלן ליבן
אין וועלדל דעם טריבן...

סעפטעמבער 1956.

## אין צוג

רעשנדיק לויפן די קוסטעם צוריק
אין אַ משוגענעם טאַנץ
מישן זיך אוים מיט די וועלדער אין ווײַטן
פלעכטן אַן עלנטן קראַנץ

דרייען זיך לויפן פאַרשלאָפענע פעלדער
ברייט זיך צעוואַרפן אין טרוים
קוקט די לבנה מיט קאַלטלעכער ליבע
צום איין און איינציקן בוים

קלאַפן די רעדער דעם אייביקן ריטעם
ריטעם פון פרײַהײַט און פלי
ריטעם וואָס פאַסט זיך צו אַלעמענס לײַדן
פאַסט זיך צו אַלעמענס מי

קומען זכרונות פאַרגעסענע לידער
פנימער עמעצנס בליק
שווימען אַריבער דאָס שמאָלינקע טײַכל
לויפן אַריבער די בריק

קלאַפן די רעדער פאַרלאַנגזאַמען פלוצים
שווימט אַ לאַמטערן נאָך איינע נאָך צוויי
אײַלט זיך דער צוג זײַן נשמה פון אײַזן
וויינט אין אַ ווילדן געשריי...

1954

## עקסטאַז

ווי פאַרליבטע חתן־כלה
זײַנען מײַנע ביימער צוויי
אָך ווי ס'זײַנען שיין די אַלע
ווײַסע בלימעלעך אויף זיי

ער איז הויך און זי איז קלענער
אָבער ווער פון זיי איז שענער
ווי פאַרכישופט שטייעןביידע
אין די ווײַסע חופּה־קליידער
אין דער לופט פון בוים צו בוים
שוועבט דער שמעקנדיקער טרוים
ציען צווײַגן זיך צו צווײַגן
פלאָנטן זיך צונויף מיט קראַפט
אין דער שטילקייט ביידע שווײַגן
ציטערן פון ליידנשאַפט

יאָ זיי זײַנען זיך געפעלן
מײַנע ווײַסע ביימער צוויי
און זיי ווייסן שפּעטער וועלן
וואַקסן ווײַנשעלעך אויף זיי...

1954

## ווען איך בין אַ בוים

ווען איך בין אַ בוים
און איך וואַקס צווישן שטיינער און פעלדזן פון ירושלים
וואָלט איך טיף מײַנע וואָרצלען צעוואָרפן אין באָדן געטרײַען
און געוואַקסן געוואַקסן פאַר פרייד
מײַנע צווײַגן געשיקט אין דער הייך אין דער ברייט
און געקוקט אויף דער אייביקער שטאָט אין אַן אייביקן טרוים
ווען איך בין אַ בוים

ווען איך בין אַ שטיין
און איך ליג צווישן אַנדערע שטיינער בײַ ירושלים
וואָלט די זון מיך געשרפּעט בײַ טאָג אינעם מדבר דעם פרײַען
און בײַ נאַכט וואָלט די ווײַסע לבנה מיך אײַנגעהילט צאַרט
און איך וואָלט אין מײַן חלום געוואַרט און געוואַרט
אַז דער טוי פון באַגינען זאָל קומען מיך כשרן ריין
ווען איך בין אַ שטיין

ווען איך בין אַ זאַנג
און איך שפּראָץ צווישן זאַנגען אין פעלדער פון ירושלים
וואָלט איך גליקלעך פון ערד זיך געצויגן צום לעבן צום נײַעם
צו דער זון צו דעם ווינט צו די פייגל אין פלי צו די בינען
און מײַן סטעבליע גענייגט און געבויגן אין טעפּעך אין גרינעם
אינעם שטילן וואָס קומט פון די בלווילעכע ווייטן געזאַנג
ווען איך בין אַ זאַנג...

ירושלים, יולי 1956

# סוד און בענקשאַפט

אין צפון אין ווילדן אויף נאַקעטער סקאַלע
אַ סאָסנע אַן איינזאַמע שטייט
זי וויגט זיך אין דרימל פון שניי אַ באַשיטע
ווי מיט אַ פּרוחת באַקליידט

און חלומט זי אַלץ אַז אין מדבר דעם וייטן
אין לאַנד ווו די זון קומט אַרויס
דאָרט עלנט און טריב אויף אַ פעלדז אַ צעגליטן
אַ פּרעכטיקע פּאַלמע וואַקסט אויס...

היינריך היינע

## ניי-יאָר

אויפֿן יום-טובדיקן טיש פֿון ניי-יאָר-אָוונט
ברענען זיבן ליכטלעך נאָענט
איבער זיי פֿון שײַן אַ קרוין
איינס איז ראָזע איינס איז ברוין
איינס אַ רויטס און איינס אַ גרינס
ווער וועט האָבן דאָס געווינס
איינס אַ ווײַס און איינס אַ בלויס
וועמענס מזל וועט זײַן גרויס
און דאָס זיבעטע איז געל
האָט זיך עס צעפֿלאַקערט העל

קוק איך אויף די ליכט און צייל
ווי וועט זיין מײַן אייגן טייל ?...

פּאַריז, 1959

## עס דוכט זיך מיר

עס דוכט זיך מיר אַ מאָל
איך לעב צו לאַנג
דאָס לעבן אָבער צו פאַרלאָזן
טוט מיר באַנג

איך ווייס די לעבנס־קנופּן זײַנען
שוין צעבונדן
און שווער וועט עפּעס שוין אַ זאַך
מײַן האַרץ פאַרווונדן

איך פיל אַז אָפּגעזונדערט
בין איך פון יעדן
און ס׳גלוסט זיך מיר פאַר קיינעם מער
נישט זינגען און נישט רעדן

נאָר בסוד סודות איז מײַן האַרץ
דעם לעבן טרײַ
און מײַן געדאַנק וויל שטענדיק מעכטיק
שאַפן נײַ!

## איך בין דאָ נאָר אַ גאַסט

איך בין דאָ נאָר אַ גאַסט
דער דרוק פֿון לעבנס לאַסט
איז אומדערטרעגלעך

פֿאַרלאָזן אָט די פּײַן
נישט פֿילן מער נישט זײַן
צי איז עס מעגלעך

ס'איז שווער דער באַרג אַרויף
אַראָפּ ווערט פֿלינק דער לויף
אין שרעק פֿון טרײַבן

איך בין דאָ נאָר אַ גאַסט
ווי פֿאַר אַזעלכן פּאַסט
כ'וועל לאַנג נישט בלײַבן.

פּאַריז, 1956

טאַניע זיסמאַן

## זיבן סודות

איך האָב געקוקט אויף מײַן געזיכט
עס איז געווען מיר אומבאַקאַנט און נאַקעט אָן אַ ליכט
פון לעבן

איך האָב אַרײַנגעקוקט אין סוד פון מײַנע אויגן
אומזיסט האָב איך געזוכט אין בלוי פון זייער בויגן
די וואָרצלען פונעם לעבן

איך האָב דעם גרונט פון האַרץ אַנטפּלעקט און האָב געגאַפּט
ווי צאַרט און שווידערלעך עס איז פאַרשקלאַפּט
צום לעבן

איך האָב מײַן קערפּער אויסגעפּרעגט
עס האָט דער פּחד פאַרן טויט אים אויפגערעגט
און גלוסט צום לעבן

איך האָב געקוקט אויף מײַנע הענט
מיט פרייד האָב איך אין זיי דערקענט
די בלומען פונעם לעבן

איך האָב געפאָרשט אין מײַן געדאַנק
האָב איך געזען נאָר איין באַגער נאָר איין פאַרלאַנג
פון איבערלעבן

איך האָב אין מײַן נשמה לאַנג זיך איינגעהילט
און כ׳האָב באַמערקט אַ ווײַטן פלאַם אַ ווידערקול וואָס שפּילט
פון דורות לעבן.

פאַריז, 1958

טאַניע זיסמאַן

*

אין די שלאָפלאָזע פאַרטאָגן
ווען געדאַנקען יאָגן יאָגן
ווען עס לעשן זיך די שטערן
ווען די נעפלען קעלטער ווערן
קעלטער ווערט מײַן האַרץ

אין די גרויע אינדערפריען
ווען די נאַכטשאָטנס נאָך פליען
ווען עס ציטערן די ביימער
אין אַ בענקעניש געהיימער
ציטערט אויך מײַן האַרץ

אין די בלוילעכע קאַיאָרן
ווען ס'איז נאָך נישט טאָג געוואָרן
שלאָפן אַלע זיס־פאַרוויגטע
ווען די נאַכט שוין אַ באַזיגטע
צאַנקט
צאַנקט אויך מײַן האַרץ...

1959

*

ניין זאָג נישט אַז דאָס לעבן גייט אַזוי
איך ווייס איך ווייס אַז דאָס איז אונדזער וועזן
ווי קאָן דער הימל לאַכן אַזוי בלוי
ווען דאָ אויף ערד שוין שטאַרבן בעזן

און אויב אַפילו דעמאָלט ווערט די רויז
פון צאַפּלדיקן יונגן קנאָספּ געבוירן
פאַרוועלקט דאָך דער טיולפּאַן און גוססט אויס
שוין אַלע זײַנע בלעטעלעך פאַרלוירן

איך ווייס אַז נאָך דער נאַכט קומט שטענדיק ליכט
די זון גייט אויף און טאָג וועט ווידער ווערן
נאָר פריער (זאָל עס זײַן פאַר גלייכגעוויכט)
ווערט בלייך צאַנקט אויס און שטאַרבט דער מאָרגנשטערן.

טאניע זיסמאן

*

באַלד באַלד וועל איך זען גאָט
באַלד וועלן זיך צעשפּרייטן מײַנע פליגלען
און יעדעס ווײַסע פעדערל אויף זיי וועט פלאַטערן פאַר פרייד
ס'וועט מײַן נשמה זיך באַפרײַען
און מײַנע פליגלען וועלן טראָגן מיך צום הימל

די וועלדער וועלן לאַנג מיר פאָכן מיט די גרינע הענט
די ימען און די טײַכן וועלן מיך באַגלייטן מיט אַ טאַנצנדיקן שמייכל
די אַלפּן און די הימאַלאַיען וועלן לאַנג באַגריסן מיך
מיט זייער בלענדנדיקן בליק
און איך כ'וועל פליען העכער ווײַטער
אַלץ ווײַטער פון דער ערד
דורך אַלע ספערן
דורך אַלע זיבן הימלען

איך וועל נישט הערן מער די ערדישע געשרייען
עס וועלן מיך נישט אָנגיין מער די קינדערשע געוויינען
די קרעכצן פון די קראַנקע

די זיפצן פון אַ גסיסה
און נישט די קולות פון געבורטן
צו מיר וועט נישט דערגרייכן מער די זיסע שטים
פון זינגענדיקער פידל
און נישט דער ערשטער בלי פון יונגן פרילינג
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
די שטערן וועלן ווייזן מיר דעם וועג
און איך וועל שוועבן אינעם נעפלדיקן דורכזיכט
אין בלויען תכלת פונעם סוד
אין שטילקייט פונעם אייביקן אין־סוף
עס וועט אַנטפּלעקן זיך פאַר מיר
דאָס העכסטע און דאָס טיפסטע

און שפּעטער כ׳וועל צעשווימען אין זעפיר
כ׳וועל זיך צעגיין אין חלל פונעם נישט־זיין
ווי עס צעגייט זיך ווערט פאַרשווונדן
דער דינער ריח פון אַ וווּנדערלעכער רויז
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
און דאַן
כ׳וועל זיך דערנענטערן צו גרויסקייט פון קדושה.

פּאַריז, 1957



דער טויט מיט זײַן ליידיקן קוק
האָט באַרירט דײַן געזיכט
דער טויט מיט זײַן ליידיקן קוק
האָט באַרירט דײַן האַרץ

דײַן געזיכט איז פאַרוועלקט
דײַן האַרץ איז פאַרקלעמט
דײַן נשמה געפּלעפּט

מען וואָלט באַדאַרפט
די מאַכט פון אַלע פיר ווינטן
כּדי דעם קוק אַראָפּצובלאָזן

מען וואָלט באַדאַרפט
דעם מעכטיקן אָטעם פון אייביקע וועלדער
כּדי זײַן שווערן ריח צו פאַרטרײַבן

מען וואָלט באַדאַרפט
דעם דופט פון מיר:יאַדן בלומען
צו פאַרהאַלטן דײַן וואַקלדיקע נשמה...

## קאָנטראַפּונקט

בלומען פילקאָלירטע פאַלן פונעם הימל
אונטער מײַנע פיס נאָר טויטע בלעטער
געל גערויש פינפשפּיציק אויסגעדאַרטער
גײַסטער טראָגן ברכות פולע קוישן
נאָר אַ פרעמדער גלײַכגילטיקער שלאָפט מײַן מלאך

אײַך אָ פרילינג־פריע פרײלעכע פּייזאַזשן
אײַך אָ גאָלדענע קאַיאָרן פּורפּור־שלײערס
טאַנצנדיקע דימענטן אין זוניק וואַסער
דיך די גאַנצע וועלט מײַן רײַכטום אומבאַגרענעצט
אַלץ וועל לאָזן פאַר די קומענדיקע קוועלן...

**פּאַריז, אָקטאָבער 1957**

מאַניע זיסמאַן

*

מײַן לערער האָט איין טאָג געזאָגט צו מיר
דו וועסט אַ מאָל פון הימל כאַפּן שטערן
איך בין צו לאַנג געשטאַנען בײַ דער טיר
צו לאַנג געוואַרט מען זאָל מײַן וואָרט דערהערן

מײַן האַרץ איז יונג און מײַן נשמה פרײַ
נאָר וויפל יאָרן זיינען שוין פאַרלוירן
נישט איין מאָל צווייפל איך איז נאָך כדאי
נאָר ס'איז מײַן גײַסט שוין אינעם ליד געבוירן

אַזוי אין טיפן האַרבסט ווען ס'ווערט שוין קאַלט
און נאַקעט איז כמעט אין גאַנצן שוין דער וואַלד
אַ שעמעוודיקע שפּעטע שפּראָצט אַרויס

און זוכט צום עפענען זיך וואַרעמקייט און שײַן
און ציטערט אינעם אלול-ווינט אַליין
אַ שמעקנדיקע סאַמעטענע רויז...

פּאַריז, 1957

*

ווּ זײַנען יענע וועגן־שטעגן
ווּ כ׳בין געגאַנגען דיר אַנטקעגן
ווּ זײַנען אינעם וואַלד די היילן
וואָס פלעגן יוגנט אונדז דערציילן
ווּ איז דאָס אַלץ
דיין הייסער בליק מײַן ווײַסער האַלדז
און ווייכע לאָקן

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווי פייגעלעך וואָס האָבן זיך דערשראָקן
זיי זײַנען אַלע מיט אַ מאָל
אַוועקגעפלויגן און באַהאַלטן זיך אין טיפן טאָל
זיך צוגעדעקט מיט זונענשטראַלן
און דאָרט פאַרפאַלן.

פאַריז, 1956

טאניע זיסמאן

## פילעמאָן און באַווקידע

מיר זײַנען געגאַנגען דערנעבן
אַ גאַנצן לעבן
וואָס פליט וואָס פליט

מיר האָבן געצונדן צוזאַמען
פרייילעכע פלאַמען
טריט ביי טריט

מיר האָבן געחלומט געליטן
זיך נישט געביטן
געבליבן ריין

מיר האָבן איינער דעם צווייטן
געצירט מיט קווייטן
ס׳זאָל זיין שיין

מיר זײַנען געגאַנגען דערנעבן
דאָס גאַנצע לעבן
איך און דו

צוויי ביימער די צווײַגן און שטאַמען
מיר מישן צוזאַמען
דריקן זיך צו.

פאַריז, סעפטעמבער 1958

## דאָס גליק

אויף אַ ווײַנשלבוים אַן אַלטן
זײַנען פֿייגעלעך געזעסן
זיבן
האָבן ווײַנשעלעך געגעסן
מיר איז נישט געבליבן

טאַניע זיסמאַן

איך האָב אויך געוואָלט פאַרזוכן
האָב איך זיך גענומען זוכן

לאַנג ווי לאַנג האָב איך געזוכט
זיך געדראַפּעט און געקלעטערט
צווישן שפּיצעדיקע צווײַגן
צווישן שטויביק-גרינע בלעטער
אויסגעמאַטערט הענט און פּיס
ביז איך האָב געפונען איינס
אַ שיינס אַ זיס
דאָס איז מײַנס האָב איך געזונגען
און עס אײַנגעשלונגען
און נישט מער געקאָנט געניסן
פונעם ווײַנשעלע דעם זיסן

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איז געווען עס טאַקע זיס אפשר זויער אפשר ביטער
ווי דער בוים אין אַ געוויטער
האָט מײַן האַרץ געטאָן אַ ציטער
און איך האָב געוויינט

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָך נישט דאָס האָב איך געמיינט...

פּאַריז, יאַנואַר 1959

## דער באַל

הײַנט איז אַ באַל
יונגנט אַ קוואַל
ייִנגלעך און מיידלעך
פליִען די קליידלעך
פליִען די ווענט
ייִנגלעך און מיידלעך
פלעכטן די הענט

איינס צוויי דרײַ פיר
טאַנצן וואַלסירן
לאָזן זיך פירן
ריטעם פון דרייען
טאַנצן אין צווייען

אַ פּאָר נאָך אַ פּאָר
צעשויבערטע האָר
יינגלעך און מיידלעך
פליען די קליידלעך
דרייט זיך דער זאַל
היינט איז אַ באַל

— — — — — — —

וואָס קאָן זיין
פון טאַנצן שענער
פרויען און מענער
טאַנצן געשלאָסן
האַנט אין האַנט
אַ נאַכט נאָכאַנאַנד
ווער איז היינט מיד

זינגט די פידל
אַ ליבע־לידל
וויינט ווי אַ ייִד

דאָ שטייט אַ פרוי
די אויגן נאָך בלוי
דער חלום נאָך גאַנץ
קוקט אויפן טאַנץ

דאָרט טאַנצט אַ מאַן
שלאַנק ווי אַ שוואַן
פון קלאַנג און שווונג
ווערט ער יונג

— — — — — — — —

אַ ייִדישע מאַמע
טאַנצט מיט איר קינד
דרייט זיך געשווינד
די באָבע אין דריידל
טאַנצט ווי אַ מיידל

שוועבן צוויי אַלטע
די אויגן צעשטראַלטע
עס גלאַנצט זיין פּליך
דו און איך

— — — — — — — —

הײַנט איז אַ באַל
ס'קלינגט דער באָקאַל
ס'קלינגט דאָס געלעכטער
פון ייִדישע טעכטער
ווער וויל הײַנט טראַכטן
מלחמות שלאַכטן
אַמאָל איז געווען

אַמאָל איז געשען
שוידער און טרערן

לאָזן זיך פירן
פון לעבן דערוואַכטן
הײַנט כ'וויל נאָר הערן
ווי ס'רופן די קלאַנגען
די זיסע געזאַנגען
פון צערטלעכן טאַנגאָ
הײַנט וויל איך לעבן
קום דערנעבן
דריק זיך צו
איך און דו
— — — — — — —
ברענגט די מוזיק
אַ טראָפּנדל גליק
פאַר אַלע וואָס טאַנצן

פינקלען און גלאַנצן
מיידלשע קרעלן
אין פלי אינעם שנעלן
דרייט זיך דער זאַל
הײַנט איז אַ באַל.

פאַריז, 1961

## און נאָך אַ יאָר

און נאָך אַ יאָר אין אייביקייט פֿאַרגייט
אין יִיאושדיקן פֿלאַקערברען פֿון פּורפּור־שקיעה
נאָר איז דען נישט אין יעדן זונפֿאַרגאַנג פֿאַרזייט
אַן אָנזאָג פֿון אַ בעסערער ידיעה

און ווען דער דיסק פֿון פֿלאַמיקן פֿאַרגאַנג
פּאַמעלעך גליטשעט זיך אַראָפּ און פֿאַלט אַרונטער
צי איז עס נישט דער וועג דער אָנהייב פֿונעם דראַנג
וואָס ברענגט די ליכט צום טאָג אויף נײַע וועגן מונטער

און ווען דער מערב ווערט פֿאַרזונקען אינעם חושך־שוואַרץ
און טונקעלע געשטאַלטן היטן אירע שוועלן
דאַן ווייסן מיר און וואַרטן מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ
די נײַע זון זאָל אויפֿגיין אין קאַיאָר דעם העלן.

פּאַריז, 1960

טאַניע זיסמאַן

## שטאַרקער פון דער נאַכט

איין זונענשטראַל איז שטאַרקער
פון אַ גאַנצער נאַכט מיט חושך
איין ליבע־וואָרט
פאַרטרײַבט אַ גאַנצע נאַכט מיט ספק
— — — — — — — — — — — —
איין זונען־פונק
וואָס טוט אַ ווונק
צום האָריזאָנט
באַגילדט מיט בלאָנד
צינדט אָן די נאַכט

איין ליבער בליק
פאַרפלייצט מיט גליק
דעם גאַנצן רוים
ווי ס'בליט אַ בוים
ווען פרילינג לאַכט...

פאַריז, 1959

## דאָס געוויין

מײַן געוויין איז ווי אַ קלאַנג פֿון אַ פֿאַרזשאַווערטער פֿידל
מײַן געשריי איז ווי אַ קלאַפּ פֿון אַ סקריפּנדיקער טיר
מײַנע אויגן זײַנען ווי צוויי שטיינער אין מדבר
צוויי פֿאַרשרפֿעטע שטיינער אין מדבר
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
און איך אַליין בין ווי אַ כּלי
פֿון וועלכער מ'האָט אויסגעטרונקען דעם גאַנצן ווײַן
דעם גאַנצן ווײַן ביז צום לעצטן טראָפּן.

פּאַריז, 1948

טאַניע זיסמאַן

## פיר בלומען

איך האָב פאַרזייט פיר בלימעלעך אין ערד
ווײַס רויט
ווײַס רויט
אויפן קבר ווּ מײַן קינד ליגט טויט

כ'האָב פאַרזייט פיר בלימעלעך אין ערד
רויט ווײַס
רויט ווײַס

און שוין דער קאַלטער ווינט זיי רײַסט
טרייסלט זיי און שאָקלט זיי און וויגט
אויפן קבר ווּ דאָס קליינע קינד מײַנס ליגט.

פּאַריז, 1958

## צוויי קינדערלידער

### דער באַלעט

אין מײַן גאָרטן אויפֿן גראָז
ווי נאָר פֿרילינג טוט אַ בלאָז
טוען בלימעלעך זיך נייגן
נידעריק צו ערד זיך בייגן
אויף איין פֿיסל טאַנצן זיי
ווײַסע קריינדעלעך ווי שניי
דאָ און דאָרט אין גראָז אין גרינעם
בלימעלעך פֿון אַלע מינים
— — — — — — — — — —
שײַנען געלע קעפּעלעך
ס'פֿעלט זיי נאָר די צעפּעלעך

גאָלדיק־ראָזע בעקעלעך
סאַמעטענע שטעקעלעך
שפּיציק־בלויע גלעקעלעך
פֿינטעלעך און פֿלעקעלעך
גלאַנצנדיקע אייגעלעך

קוקן זומער־פֿייגעלעך
אינעם שמעקנדיקן קראַנץ
אויפֿן קײַלעכדיקן טאַנץ.

### האַרבסט

זומער איז געענדיקט שוין
האַרבסט האָט אָנגעטאָן די קרוין
רייף געוואָרן עפּל באַרן
בלומען אָבער וועלקן דאַרן
קליינע רעגנדלעך שוין פאַלן
ס'זינגען אומעטיק די קוואַלן

ס'וועלן קומען קאַלטע טעג
פייגל גרייטן זיך אין וועג
לערנען זייערע קינדער פליען
ווייט אין הימל זיך צו ציען
וועט מען קאָנען זען פון דאַנען
לאַנגע פלינקע קאַראַוואַנען
איבער ימען אָקעאַנען

פליען פייגל דרייסט און מונטער
שוואַכע פאַלן באַלד אַרונטער
אָבער שטאַרקע קומען אָן
אינעם בלויען הימל-פּאָן
זיינען שטאַרקע נאָר אין שטאַנד
צו דערגרייכן ס'הייסע לאַנד.

## שבת - צו - נאַכטס

דאָס פֿײַער פֿונעם אויוון אין דער פֿינצטער שטעכט די סטעליע
אָפּ און אויף
און די לבנה דורך דעם ווײַסן לײַוונטענעם פֿאָרהאַנג
קוקט דערויף

עס איז שבת־צו־נאַכטס אַ שטילע זיסע ווינטערדיקע
פֿולע וואָך
עס קלאַפּט דער וועקער פֿון זײַן שטילן קלאַפּן ווערט די שטילקײַט
שטילער נאָך

שוין לאַנג די רויִק־שבתדיקע פֿרייד און יוגנט־פֿײַער
זײַנען ווײַט
און ווי פֿיל מאָל האָט שוין די קלאָרע שײַן פֿון דער לבנה
זיך באַנײַט

דער באָבעס גאָט פֿון אברהם פֿון יצחק און פֿון יעקב
איז נישט מער
און דער זכר שוין אַפֿילו ווערט פֿאַרשווינדן ציטערט
ווי אַ טרער...

פּאַריז, 1950

## מנחם - מענדל

כ׳ברענג אַ גרוס אײַך פֿון יעהופּעץ
אָקאָרשט קום איך אָן פֿון דאָרט
כ׳האָב געהאַנדלט און געוואַנדלט
אַלע סחורות ערשטער סאָרט
און איך הייס מנחם־מענדל
דער באַרימטער גרויסער העלד
איך באַשעפֿטיק זיך מיט האַנדל
כ׳האַנדל מיט דער גאָרער וועלט

כ׳בין קיין קישעניעוו געפֿאָרן
און פֿאַרפֿאָרן קיין אָדעס
כ׳האָב מיר אײַנגעקױפֿט דאָרט „לאָנדאָן“
שפּעקולירט מיט „האָס“ און „בעס“
כ׳זיץ מיר דאָרטן בײַ פֿאַנקוכן
כ׳עס מאָראָזשענע און קרעם
ס׳שרײַבט מײַן ווײַב פֿאַר די פּאַפּירן
אויב מען גיט דיר עפּעס נעם
נאָר וואָס ווייסט זי ס׳איז געוואַקסן
אָט־אָט ווער איך אַ גביר
אָבער אולטימאַ סוף חודש
איז אַנטלאָפֿן דער באַנקיר
ווײ איז מיר

גיב איך מיר אַ קלאַפּ אין שטערן
כ'וועל אַ מעקלער בעסער ווערן

קיין יעהופּעץ
אויף דער גאַס
כ'וועל אַרומגיין
פּוסט און פּאַס
קריכן שמעקן
טאַפּן לעקן
לויפן קויפן
און פאַרקויפן
מעל זאַלץ
צוקער שמאַלץ
סחורה פּרימאַ
שבפּרימאַ
שפּעקולירן
מיט פּאַפּירן
מיט טראַנספּאָרט
אויפן וואָרט
פּוטיוויל
ווי פיל איך וויל
אַן אימעניע
אַ זאַוואָד
און אַ וואַלד

כ׳קויף בסוד
ברעכן פים
רײַסן שטיוול
צו מיין ווייב
כ׳שרײַב אַ בריוול
כ׳בין אַנטציקט
כ׳ווער באַגליקט
און איך קוועל
פון פּאָרטפעל
נאָך איין קוועטש
ס׳פליען פּעטש

כ׳האָב אין בויבעריק געגעכטיקט
אין יעהופּעץ האָב געטאָגט
ס׳וואַלגערט געלט זיך אין די גאַסן
נאָר מיין ווייב האָט מיר געזאָגט
ווערסט באַרייכט באַגליקט דו קודם
און עס לאָזט זיך אויס אַ בוידעם
שרײַב איך איר איך לויף איך פלי
און איך וואַקס איך שפּרינג אין פײַער
שרײַבט זי מיר אַזוינס ווי דו
קאָן מען קריגן צען אַ דרײַער
זאָג איך איר איך ברען איך פלאַקער
הײַנט האָב איך פאַרדינט אַ תק׳ער

שרײַבט זי זאָל יעהופּעץ ברענגען
כ׳וויל אַפילו דאָס נישט קענען
כ׳זאָג איר פּונקט ווי אַלע דאַמען
ווען מען לעבן רײַך און שיין
שרײַבט זי מיר עס מיינט דער וואָרעם
זיסערס איז נישטאָ פון כריין
און פון אַלע דײַנע גליקן
כ׳דאַרף דיר אויף הוצאות שיקן
אפשר איז זי גאָר גערעכט
אוי, ס׳איז שלעכט

פון יעהופּעץ
לויף אַהער
קיין יעהופּעץ
שפּרינג אַהין
אויף קרעשטשאַטשאַטעק
אַ פּאָטשאַטעק
כ׳קויף אַ קאַץ
אין אַ זאַק
דאָ אַ שים
דאָ אַ קנאַק
בראָצקיס טיר
נאָר פאַר מיר
כ׳קויף לאחדים

ס׳איז פּחדים
טאַראַראַם
טעלעגראַם
קופּער מעש
אַ דעפּעש
אין קאַווקאַז
שפּריצט מיט גאַז
און דער נאַפט
זעצט מיט קראַפט
געלט געלט
און אַ סך
פּלוצים שלום
ס׳איז אַ קראַך
חושך תּל
פון פּאָרטפּעל
אַ מפּלה
אַ בהלה
שאַנד און שפּאָט
כ׳בין באַנקראָט

און קיין וואַרשע כ׳בין געפאָרן
וואַרשע איז דאָך אויך אַ שטאָט
כ׳האָב אַוועקגעוואָרפן האַנדלען
כ׳בין אַרוים ווי פון אַ באָד

**טאַניע זיסמאַן**

כ'האָב גענומען זיך צום שרײַבן
צום בכבודיקן ברויט
שרײַבט מיר אָבער שיינע-שיינדל
קום אַהיים פֿאַרגעס די נויט

כ'האָב באַשריבן אַלע שכנים
כ'האָב באַשריבן יעדן איינעם
אי די גבירים אי קבצנים
מעקלערס סוחרים און שדכנים
ס'איז דאָך לײַכט דאָס שרײַבערײַ
טינט פֿאַרשריבן פֿלעשער דרײַ
און אַוועקגעשיקט צום דרוקן
כ'האָב דאָס געלט געהייסן שיקן
צו מײַן װײַב צו שיינע-שיינדלען
(זאָל זי אָפּלעקן אַ ביינדל)
נאָר איך האָב געהאַט אַ טעות
אַ פּאָר קערבלעך אויף הוצאות
האָט געמוזט זי נעבעך שיקן
אָך און וויי צו מײַנע גליקן

וואַרשע-סדום
אַ פּאָגראָם
חלום בלויז
אַלץ איז אויס

סותרעריי
מעקלעריי
שרייבעריי
איי איי איי
כ'האָב געוואָלט
האָבן גאָלד
שיער־שיער
אַ גביר
געלט געלט
און אַ סך
אוי געוואַלד
סאַראַ קראַך
אוי אַ קללה
אַ יללה
צרות פּעק
ליגנער שלעק
אַלע זיי
אָך און וויי
און צום שפּיץ
כאַפּ איך שמיץ
אַלע שטעקן
מיך באַדעקן
כ'בין צעביילט
כ'בין צעקיילט

נאָך אַ פּליאַסק
אוי אַ טראַ־ס־סק
כ'האָב איצט אַנדערע כוונות
זיך פאַרנומען מיט שדכנות
נישט פאַראַן קיין אַרבעט לײַכטער
תיכף װערסטו אַ באַרײַכטער
ס'איז װי אויפעסן אַ קיכל
כ'גיב אַ קוק אַרײַן אין ביכל
אַ דעפּעש אַהער אַהין
און שדכנות איך פאַרדין
אין אַ מזלדיקער שעה
כ'האָב צונויפגעפירט אָט־דאָ
מײַנע ביידע מחותנים
נאָר ס'איז נישט באַשערט אַפּנים
אַז איך זאָל אַ נגיד װערן
װײ איז מיר איר מעגט דאָס הערן
כ'האָב צונויפגעפירט זיי ביידן
זײַנען זיי געװען צװײ מיידן
אוי עס װערט מיר הייס און קאַלט
אוי עס פידלט נישט געװאַלד
אוי ס'איז ביטער אוי ס'איז שלעכט
שיינע־שיינדל איז גערעכט
מיט מײַן װײַב כ'װעל מאַכן שלום
ס'האָט געענדיקט זיך דער חלום...

## פרויען

### די פרייסין

זי איז הויך און שטאַרק זי האָט אַ פעסטן גאַנג
זי פאַרטיפט זיך נישט אין קיין געדאַנק
זוכט נישט שפּרינגען ווײַטער פונעם האָריזאָנט
ווי אַן אַריערין איז זי פאַרשטייט זיך בלאָנד

אירע אויגן זײַנען שיין און בלוי
און זי לאָזט אַ לײַכטע טרער אַזוי
ווי דאָס האַרץ אירס וואָלט געווען גאָר צאַרט
נאָר דער קוק איז קאַלט און האַרט

טאניע זיסמאַן

זי האָט ליב צו עסן ווורשט און טרינקען ביר
ס'האָט איר עמעצער געזאָגט די וועלט געהערט צו איר
האָט זי נישט געפרעגט קיין שאלות

זי האָט פיינט אַרייַנצודרינגען
און זי לערנט אירע קינדער זינגען:
„דויטשלאַנד דויטשלאַנד איבער אַללעס".

די פראַנצויזין

זי איז פילבאַר ערנסט און באַשיידן
נאָר זי טרייַבט פון זיך די לייַדן

זי איז אַרבעטס-פעיִק ביז זיך צו פאַרשמאַכן
אָבער אירע אויגן לאַכן

ס'איז אַ וווּנדער ווי זי ווייסט געעווי
וואָס זי האָט צו טאָן און ווען און ווי אַזוי

זי איז עלעגאַנט און חנעוודיק-קאָקעט
ס'קלינגט ווי אַ מוזיק דאָס לשון וואָס זי רעדט

אַך זי היט איר הויז איר קינד איר מאַן
היט זי זיך אַליין פון לייַכטזיניקן שפּאַן ?

### די יאַפּאַנערין

זי איז טונקל-געל
ווי אַ געלעכל
ס'איז איר פּנימל
ווי אַ שעלעכל
ס'בליט איר מײַלעכל
ווי אַ רעזעלע
קוקט אַרויף צעפּלעטשט
ס'קליינע נעזעלע
צו די שפּעלטעלעך
אירע אייגעלעך
זי האָט הענטעלעך
ווי צוויי פייגעלעך
ס'קלינגט איר קולעכל
ווי אַ גלעקעלע
זי איז דין און לײַכט
ווי אַ טעקעלע
ס'קוקט אַרוים פון קלייד
קוים איר פיסעלע
אין די הויכע האָר
שטעקט אַ שפּיזעלע.

טאניע זיסמאן

### די יידין

אַלע פרויען האָבן זיך אין איר באַגעגנט
ווײַל זי האָט געוווינט אין יעדן לאַנד אין יעדער געגנט
איז זי ווי פון אַלע פרויען אַ קאָקטייל
יאָ פון יעדער איינער האָט גענומען זי אַ טייל

פון דער רוסין ס'ברייטקייט און די צאַרטקייט
פון דער ענגלענדערין קלוגשאַפט אײַנגעשפּאַרטקייט
טעמפּעראַמענט פון רומענערין
שיינקייט פון דער איטאַליענערין
און פון שפּאַניע ווו מען האָט געפּייניקט זי אַמאָל
האָט אַרויסגעפירט זי שטריכן אָן אַ צאָל
אַ כאַראַקטער שטאַרקן נייגונג צו רעליגיע און מיסטעריען
אויסגעמישט מיט אירע אייגענע באַגערן
זייער אור־אוראַלטע שפּור
ציט זיך פון דרײַטויזנט־יאָריקער קולטור
אַ ירושה פון די אומות אירע

צוגעפּראַוועט מיט אַ ביסעלע פראַנצויזישער סאַטירע
און מיט ענגלישן הומאָר
זינגט דאָס אַלץ אַרויס פון איר ווי אַ סימפאָניע אַ כאָר

אַ כאָר ווי ס'זינגען אַלע עלעמענטן
ס'איז דאָס קול פֿון אַלע קאָנטינענטן

און דערפֿאַר איז אַזוי שווער
אומצוברענגען זי סײַ מיט געווער
סײַ מיט אַרבעט מיט אַ האַק אַ האַמער
און מיט גאַז־קאַמער
מיט פּורעניות פֿון אַלע מינים

מעג איר בלוט אַפֿילו אין די גאַסן רינען
מעג זי האָבן מער פֿון אַלעמען געליטן
מעג מען האָבן אירע דורות פֿרי פֿאַרשניטן
מעגן טרויער־שאָטנס איר געזיכט פֿאַרוועבן
זי וועט לעבן לעבן לעבן
און פֿון אַלע פֿרויען ווי אַ וווּנדער־אַמאַלגאַמע
וועט זי זײַן אַ קלוגער מענטש אַ שיינע פֿרוי אַ גוטע מאַמע.

**די ישראלערין**

אַך ווען איך זאָל זײַן ווי זי
נײַ און יונג
ווען איך גלויב ווי זי
שטאָלץ און מוטיק אין מײַן צוקונפֿט

וועןּ איך וואָלט געווען ווי זי
גליקלעך פריילעך
ווען מײַן מויל זאָל זײַן ווי אירס
רויט און זאַפטיק
און די האָר ווי אירע שוואַרץ
און די פיס ווי אירע
פלינק און קרעפטיק
כ׳וואָלט דעם שטויב פון וועג פון זיך אַראָפּגעטרייסלט
און ווי זי געשפּאַנט איבער דער אַלטער ערד
אָנגעזאַפּט מײַן האַרץ מיט בלויע רוימען

ווען אין מײַנע אויגן כ׳וואָלט געהאַט איר דרייסט
וואָלט איך אויך ווי זי באַפרײַט מײַן קערפּער און מײַן גײַסט
כ׳וואָלט פאַרלאָזט דעם ווּנדערלעכן פּרעכטיקן פּאַריז
און געגאַנגען אינעם פײַער פון באַגינען
געבן מוט דעם מדבר ער זאָל גרינען
אויפוועקן דעם וואַלד פאַרזייען שאָטן
מונטערן דאָס פעלד עס זאָל געראָטן
פאָרשן ימען קרעווען די טײַכן
שווימען פליִען בערג אויסגלײַכן

כ׳וואָלט געלעבט געצירט מײַן לאַנד אין יונגן בלי
און פאַר דעם געפאַלן אויב מען דאַרף — ווי זי!

## יורי גאַגאַרין

שטענדיק כ'האָב געחלומט און געזאָגט
ווען נאָר פליגלען כ'וואָלט פאַרמאָגט
וואָלט איך גלײַך אין הימל־בלוי געפלויגן
מיך פון קינדעריאָרן האָט דער הימל צוגעצויגן
ס'איז געווען מײַן אומדערגרייכלעכער נאַיִווער טרוים
הײַנט אָ וווּנדער חלום אויף דער וואָר
ס'ערשטע מאָל נאָך מיליאָרדן יאָר
איז אַ מענטש געווען אין קאָסמאָס־רוים
איז אַריבער דעם ביז איצט פאַרמאַכטן צוים
איז געפלויגן צו די שטערן אין אַ הימלשיף
ווי אַ העלד פון אור־אוראַלטן מיף
האָט ער הײַנט געקרײַזט אַרום דער ערד
אַלע וועלטן האָבן דאַן זיך צוגעהערט
ווי ער קרײַזט אַרום אין קאָסמאָס־פעלד
דאָרטן פליִען די מעת־לעתן בליציק־שנעל
אָקאָרשט האָט די זון געבלענדיקט העל
שוין איז נאַכט און שוין איז ווידער טאָג
ס'ווערט פאַרשווונדן דאָרט די וואָג
און מען פילט נישט מער די שווערקייט פונעם לעבן
דאָרטן קאָן מען אין דער לופטן שוועבן
אָך נישט איך בין עס געווען אין דער ראַקעטע
נישט געקוקט פון אויבן אויף דער אָרעמער פּלאַנעטע
אָבער איז דען נישט פאַר אַלעמען די צויבערבריק
וועלכע פירט צו אַלע וועלטן פירט צום קאָסמאָס־זיג

טאַניע זיסמאַן

טאַנצן רויִקע פּלאַנעטן
קײַלעכדיקע אײביקע באַלעטן
דרייען זיך אויף דער אָרביטע
צווישן זיי אַ מענטש אַט פּליט ער

שטוינען די פּלאַנעטן גאַפן
זינט עס איז די וועלט באַשאַפן
האָט נאָך קיינער זאָגט יופּיטער צום סאַטורן
נישט געוואַגט זיך צו דערנענטערן צו מײַנע שפּורן
און די בלויע ווענוס ווינקט צום הערקולעס
סאַראַ ווּנדערלעכער נס
און אוראַנוס וואָס פאַרשמט איז פאַר אַ קענער
ווייסט אַז מענטשן האָבן ווײַט-געצילטע פּלענער
אַז אַלץ קליגער קליגער ווערט
די פּלאַנעטע ערד

בלייך געוואָרן איז דער סערפּ פון דער לבנה
מאַרס און איך מיר זיינען שוין אין אַ סכנה
בייזערט זיך נעפּטון און ווערט אין כעס
ס'האָט צעוואַקסן זיך דאָרט צו פיל שוין דער עץ-הדעת

נאָר עס לאַכט און לאַכט מערקורי
איי איז דאָס אַ יורי.

פּאַריז, 4.12. 1961.

## די באַלאַדע פון די דריי פערד

לויפט דאָס ערשטע פערד אין שפּיץ
מיט אַ שנעלקייט פון אַ בליץ
שנעלער קאָן נישט זײַן שוין מער
ווער קאָן לויפן נאָך ווי ער
און דעם אָטעם נישט פאַרלירן

ס׳קאָן דאָס צווייטע נאָר שטאָלצירן
אַז ער לויפט גלײַך ווי ער פליט
און ער ווערט נישט קיין מאָל מיד
ס׳שאַדט נישט אויב ער האָט קיין אָטעם
ווײַל ער איז דעם ערשטנס שאָטן

אָבער שנעלער איז דאָס דריטע
ווו געפינען אַזאַ ריטער
וואָס קאָן רײַטן אויף דעם פערד
ציטערט אונטער אים די ערד
פײַער פינקלט פון די אויגן
פליט ער ווי אַ פײַל פון בויגן
גלײַך ווי ער זאָל האָבן פליגל
קיינער ווערט אים נישט באַזיגן
— — — — — — — — — — —
אַך איך וואָלט געזען אים גערן
ווען ער זאָל געבוירן ווערן.

## שלום-עליכם

פליט די נשמה פון שלום-עליכם
שוועבט ווי אַן אייביקער צערטלעכער שמייכל
קוקט צו דער ערד וואָס דאָרט אונטן זיך צייכנט
גרויע קאָנטורן אין נעפּל דעם בלייכן

פליט איבער ימען פאַרביי קאָנטינענטן
פליט איבער שטעט איבער שטעטלעך אַלץ נענטער
זוכט פון אַ יִדישן לעבן אַ סימן
הערט צי עס קלינגען אַמאָליקע שטימען

האָט זיך דאָס יִדישע לעבן געביטן
און אויך פון אַנדערע פעלקער די זיטן
האָט זיך פאַרווירקלעכט דער הייליקער חלום
האָבן די פעלקער דערגרייכט שוין דעם שלום

זוכט ער די שפּורן פון העלדן געליבטע
נישט צו דערקענען די שטעטלעך באַטריבטע
וואָס איז געוואָרן פון מנחם-מענדל
לויפט ער נאָך אַלץ נאָכן גאָלדענעם רענדל

ווו איז דער קלוגער דער ערלעך געגערעכטער
טביה דער מילכיקער מיט זיינע טעכטער

האָבן זיי ענדלעך דערגרייכט צו אַ האַפן
האָט ער באַוויזן אַ היים זיך צו שאַפן

אַך אומעטום וועט ער פליִען באַדאַרפן
ס'זיינען דאָך יידן צעוואָרפן צעוואָרפן
קנאה און שנאה ווי גיפטיקע שלאַנגען
האַלטן כסדר די פעלקער געפאַנגען

פליט די נשמה פון שלום־עליכם
נידערט אַראָפּ פון די הימלישע הייכן
ס'שפּרייט זיך אַ פּלאַץ אַ פאַרשרפעט פאַרקוילטער
איינזאַם אַ דענקמאָל דאָרט שטייט אַ פאַרגרוילטער

שרייַט מיט זייַן עלנטן ווייטיק דעם שטומען
דאָ זייַנען יידן אין קאַמף אומגעקומען
מענער און פרויען און קינדער און זקנים
זייַנען ווי העלדן געפאַלן אינאיינעם
— — — — — — — — — — — — — — — —
פליט די נשמה פון שלום־עליכם
זעט פון פאַרשאָלטענע ערטער דעם צייכן
ס'קלינגען נאָך דאָרט ווי אַ ווידערקול־רושם
קולות פון טויטע פאַרברענטע קדושים

פרויען און מענער און קינדער און זקנים
זייַנען פאַרשניטן געוואָרן אינאיינעם

אַלע צוזאַמען אין זעלביקן קלעם
אַלע געשטאָרבן אויף קידוש־השם

און פונעם הימל וואָס פינקלט מיט שטערן
פאַלן און פאַלן קרישטאָלענע טרערן
— — — — — — — — — — — — — — — —
נעמען צונויף זיך אין ליכטיקע טײַכן
מאַכן פון מדבר אַ באָדן אַ רײַכן

דאָרט ווו געוועזן אַמאָל שטיינער און שרפה
בלומען און גראָזן און פרות אַ שפע
רעשיקע שטעט ווו אויף זוניקע גאַסן
הייבן זיך הייזער מיט שטאָלצע טעראַסן

פרייט זיך דער גײַסט איצט פון שלום־עליכם
שטראַלט ווי אַ ברייטער אַן אייביקער שמייכל
אויך פאַר זײַן פאָלק ווי פון קערן די זאַנגען
ברכה און פרייד איז ווי ברויט אויפגעגאַנגען

הערט ער זיך אײַן אין די יידישע שטימען
הערט ווי מען זינגט אים אַן אייביקן הימן
און פונעם הימל וואָס בלענדיקט מיט שטראַלן
טרערן פון שמחה אַלץ פאַלן און פאַלן.

פאַריז, 1959

## אין אַטעליע

### די מאָלערין

איך בין אַ מאָלערין איך מאָל
איך צייכן אָן אַ צאָל
איך שילדער
בילדער
אַ פּייזאַזש
אַ קליינעם פּלאַזש
אַ גרינעם טאָל
איך מאָל

טאַניע זיסמאַן

אַ מאָל
דוכט זיך מיר אויס
אַז איך בין גרויס
און אפשר בלויז
אַ קליינע
פון מײַנע בילדער כ'האָב נאָך קיינע
נישט פאַרקויפט
דאָס לעבן לויפט
קאָלירן
צירן
מײַנע ווענט
נאָר מײַנע הענט
מאָלן דאָך
מאָלן נאָך און נאָך
אַ פּייזאַזש
אַ קרומע פּלאַש
ס'שפּראָצט שוין אַש
אין מײַנע האָר
איך טראַכט נישט גאָר
איך מאָל
אַ רויטן עפּל אויף אַ שאָל
אַ בענקל פון אַמאָל
און בלוילעך-ווײַסע אַלטע הײַזער

און אויף אַ טיש אַ וועקער מיט צוויי ווײַזערס
עס דוכט זיך אַז זיי גייען
אַלץ אין מײַן צימער איז אַין צווייען
אין לעבן און אויף דער וואַנט
ס'קוקט אַראָפּ אַ קאָפּיע פון רעמבראַנדטס
אַ פּאָרטרעט
פילפאַרביק און נאָך פעט
און בלומען
אַלע בלומען
אַנעמאָנען
מיר דערמאָנען
פון אַמאָל
און איך מאָל
מאַרגאַריטקעלעך אַ בונט
אין אַ וואַזע בײַכיק־רונד
טוליפּאַנען
גרויסע פאַנען
קוקן שטאָלץ
אַרויס פון האָלץ
רויזן סאַמעטענע שמעקן
און מיט ליבע צו מיר שטרעקן
זייער חנעוודיקן בויג

כ׳ווייס מײַן אויג
וועט כאַפּן באַלד
זייער שטאַלט
נאָר כ׳וואָלט געוואָלט
מיט מײַנע פאַרבן
זאָגן ווי די בלומען שטאַרבן
כ׳וויל דערגרייכן
אין מײַן צייכן
זאָל מען זייער ריח שפּירן
און איך רייד צו די קאָלירן
און איך בעט בײַ זיי אַן עצה
די פּלייצע
ציט
כ׳בין מיד
און דער געדאַנק פאַרטראָגן
איך קאָן שוין מער נישט זאָגן
וואָס איז רעאַל און וועלכע לעבן
צי אָט די בלימעלעך דערנעבן
וואָס גוססן אין גלאָז פּאַמעלעך
צי די וואָס אויפן לײַוונט פרייליך
צו מיר לאַכן
און אין דער שטילקייט וואַכן ?...

**נאַטורמאָרט**

אַ ברודיק־גרויער טישטעך
אַ קײַלעכדיקער טיש
אין טעלער אָפּגעלושטשעט
אַ טויטער פיש

דערנעבן אין אַ שיסל
אַן אָפּגעפּליקטע טויב
אַן עפּל אויף אַ בענקל
פול מיט שטויב

די מאָלערין צופרידן
פאַרענדיקט האָט דאָס בילד
און מיט איר בליק שוין מידן

מיט ליבע אײַנגעהילט
די שטומע טויטע פרײַנד
די איינציקע ביז הײַנט.

פאַריז, 1955

## אויסשטעלונג חיים סוטין

### דער האָן

אויבן אָן
הענגט אַ האָן
אַ רויטער
אָפּגעפּליקט
ער בליקט
אַ טויטער

די גאַנצע ערד
האָט געהערט
זײַן געשריי
זײַן לעצטן קריי !

### די קאַטשקע

מיטן קאָפּ אַראָפּ
די פּיס געבונדן
ווײַזט די קאַטשקע
אירע וווּנדן

איר לײַב איז הויל
איר אָפן מויל
שרײַט
לײַדט

מיט אירע װײַסע פליגל
װי מיט אַ שטורעם־זיגל
זי פֿאַרשטעלט
די גאַנצע װעלט.

### דער אָקס

ער הענגט צעשפּאָלטן
קייטן אים האַלטן

ער האָט נישט קיין הויט
ער איז טויט

עס איז אַמאָל
געװען אים גוט אין גרינעם טאָל
אין װאַרעמקייט פון שטאַל

הײַנט זעט מען בולט
זײַן פלייש זײַן לעבער און זײַן גאַל
אויך אים דער שוחט האָט געקוילעט.

טאַניע זיסמאַן

### שטיל-לעבן

אויף אַ טיש אַ פלאַש אַ קווערטל
און פון אַ שעפּס אַ פערטל

זיין בלוט אַנטלאָפן
דאָס פלייש די ביינער אָפן
ער איז אַ זאַך געוואָרן וואָס מען עסט
שרייט ער צום פראָטעסט !

### דער בוים

ווי הויך ווי שווארץ ער איז
דער בוים
אַרום זיין שטאַם
אַ צוים
פון איינס אויף ס'אַנדערע
צוויי דריי גיגאַנטן רעדער
די בלעטער זיינען פעך
ווי אויף אַ ריזן־פעדער

העט אונטן מענטשן צוויי
ווי קליינע פלעקן
פליי.

## אַקראָסטיך

פּראַכטפול פּשוט איז דער חלום וועגן ליבשאַפט
אייניקייט צעווישן ראַסן ווײַס און שוואַרץ און רויט און געל
בליִען אַלע פיר צוזאַמען אויף דעם זעלבן טוך
לויטער ליבע לעבט און לויכט אין ווײַסע טויבן
אָט אָט פליִען זיי אַראָפּ פון לײַוונט

פּלאַנען פריזמען פּיראַמידן־פּלאָנטער
יעראָגליפן אָקסן טויזנטקעפּיקע רעבוסן
קלאַסיש־קונציקע קאָלירן כישוף קונסט
אַטאָם־קראַפט פון שטוינענדיקן קאָסמאָס
ספינקסן ספערן רעגן־בויגן צויבערבריקן
סודות כמעט קלאָרע פון אַנטלויפנדיקן אמת
אָ גיגאַנט אָ אייביק־יונגער גאָט־געבענטשטער גאון.

פּאַריז, 1961

## די ווייסע פלאַך

**פאַרן קינסטלער ד. גאַרפינקעל**

אָ ווונדערלעכע ווונדער־ווײַסע פלאַך
דײַן קול איז שטיל און שוואַך
נאָר עס דערציילט מיר טויזנט און איין זאַך
רופט איך זאָל געפינען אויפן לײַוונט און פּאַפּיר
די געשטאַלטן וואָס באַהאַלטן זיך אין איר
אָנגעגרייט פון פריער
לעבן דאָרט אומזעיִק אין אַ לעבן שטילן
ווי עס איז אַ שווײַגנדיקע פידל צי אַ פליט
וואָס עס דוכט זיך אַז זיי שפּילן
כ׳זע דאָרט אין דער ווײַסקייט צייכנס און פיגורן
רונדן פּאַראַלעלן בולטע קאָנטורן
פּערספּעקטיוון בויגן שטריכן שטראַלן
רײַסן זיך צום לעבן צום רעאַלן
בעטן זיך מיט חנדלעך קוקן דינע שפּורן
פון איידעלע מיניאַטורן
שליסן זיך די שפּיציקע דרײַעקן
צאַרטע פּינטלען נעפּלפּלעקן
פלעכטן שטויסן זיך צוזאַמען פרייד און פּײַן
קרייצן זיך און טוליען שאָטנס צו דער שײַן
ס׳ציטערט שוין דאָס פּענדזל אין מײַן האַנט
ווייסט אַליין צו שטעלן דעם קאָליר אויף וועלכן אָרט
ווי מען שטעלט אַ טרעפלעך־מעכטיק וואָרט

ס׳פלאַטערט ווי אַ שמעטערלינג מײַן האַרץ
ווען מײַן בליק באַגעגנט פאַרבן גרוי און גאָלד און שוואַרץ
ווײס איך דאַן עס קומט אַנטקעגן מיר די נאַכט
אַז פאַרטונקלען וועט זיך באַלד די ווײַסע פלאַך
ס׳וועלן אירע אויגן ווי לאַמטערנעס פון אַ ווינקל
דורך דער פינצטערניש ווי שטערן טאָן אַ פינקל
אָקער־געל און ראָז און בלוי־סאַפיר
שאָקלען בלומען מיט די קעפּעלעך בײַ יעדן ריר
פון דער צײַט פון אָפּגרונט דעם אוראַלטן
שטייען אויף דערוואַכן ביבלישע געשטאַלטן
יעקב שלאָפט און חלומט פון אַ לייטער
מלאכים גייען דאָרט אַראָפּ אַרויף די פליגל ברייט צעשפּרייטע
קלײַבט דאָרט רות ביי בועזן אין פעלד די זאַנגען
וויינט און זינגט דער אומשולדיקער יוסף אין דער גרוב מיט שלאַנגען
גייען דאָרט אומענדלעך אין געדיכטע רייען
מיט די ווײַבער קינדער און בהמות
פון דער קנעכטשאַפט זיך באַפרײַען
אַלע ייִדן פון מצרים

און דאָס אַלץ און אַלע מיט אַ מאָל
שעפּטשען און באַפעלן
מאָל מאָל מאָל
פליסט די שטילע סודות־פולע כישוף־שפּראַך
פון דער ליבער ווונדערלעכער ווונדער־ווײַסער פלאַך...

פאַריז, 1961.

## פאַר משה שולשטיין

אַ ליד
דאָס איז דער דופט פון בלום וואָס בליט
און פון איר שאַרפן זיסן בלי
שלאָפט איין די מי

אַ ליד
איז ווי אַ שטערן ווען ער פליט
און רייסט דעם הימל מיט זיין פלי
אין קורצן גלי

אָ צאַרטע בלומען פון באַדויער
איר טריפט מיט ווייטיק בלוט און טרויער
איר זייט אַ כריזאַנטעמען-בונט
וואָס צירט אַ פרישן קבר-גרונט
איר זייט אַ פייער-סנאָפּ פון שטערן
וואָס טאָרן נישט פאַרלאָשן ווערן
עס בלייבט נאָך אייער קורצן פלי
אַ רייסנדיקער טיפער ברי.

פאַריז, יאַנואַר 1960

## אָרקעסטער

ווען אין דער הייליק־שטילער טונקלקייט פֿון זאַל
געבוירן ווערט דער צאַרטער קלאַנג פֿון פֿידלען אין אָרקעסטער
איז גלײַך ווי ס׳וואַלט באַרירט אַ וואַזע פֿון קרישטאַל
דער גײַסט פֿון כּישוף מיט אַ האַנט אַ לײַכטער און אַ פֿעסטער

און ווען עס לויפֿן נאָך זיך איינס דאָס אַנדערע די פֿלייטן
און די אַלעגראָ שוועבט אַרום און וועבט אַ פּערלזוים
איז ווי אין גרינעם וואַלד ווען איינער רופֿט דעם צווייטן
און לאַכנדיק באַהאַלט ער זיך פֿון בוים צום בוים

ווי בעת אַן אויפֿשטאַנד ווען די בלוטיק־שאַרפֿע וויי
טרײַבט דעם המון וואָס קאָן נישט לײַדן מער אין גאַס
צערײַסן זיך די העלדזער מעשענע אין אַ געשריי
און הילכן דונערן די פּויק און קאָנטראַבאַס

און פּלוצלונג ווען ס׳דערווײַטערט זיך שלאָפֿט אײַן דער צאָרן
און ס׳זינגען רויִק־שטיל דער אַלט און קלאַרינעט
איז ווי פֿאַרנאַכט ווען ס׳שמעקט אין פֿעלד דער קאָרן
און ווען דער תּמוז־ווינט די פֿולע זאַנגען גלעט.

פּאַריז, 1955

טאניע זוסמאַן

## פֿאַר חיים גראַדע

(וועגן זיין ליד „די אינדזלען אויפֿן שטילן אָקעאַן")

פּרעכטיק איז דאָס ליד און פֿול מיט ווערטערשפּילן
פֿון די זיבן אינדזלען אויפֿן אָקעאַן דעם שטילן

ס'דוכט זיך מיר איך פֿיל די וואַרעמקייט און שײַן
גלײַך ווי כ'וואָלט אַליין דאָרט אויף די אינדזלען זײַן

איך פֿאַרשטיי ווי ס'בענקט זיך נאָך דער היימשטאָט פֿון דער ווײַטן
און עס גלוסט זיך עס זאָל זײַן ווי אין די אַלטע צײַטן

אָבער איז נישט בעסער זי צו לאָזן אין די טרוימען
איידער איבערפירן זי אין פרעמדע רוימען

אַך די שטאָט וואָס פול מיט פרײַנד מיט קינדער און מיט גאָט
כ׳קען דאָך זי די אויסגעטרוימטע שטאָט

נישט קיין אינדזל־תפיסה וואָס באַזונגען ווערט אין לידער
אַ באַרימטער מערדער זיצט דאָרט פון מיליאָנען מײַנע ברידער

און עס משפּטן אים יענע וועלכע זײַנען דאָרט געבליבן
ניין עס איז נישטאָ אין לאַנד קיין אינדזלען זיבן

ס׳איז פון אייביקייט די שטאָט צוריק געקומען בליִען
נישט קיין וואַסערלייבן נישט קיין פייגל דאָרטן פליִען

ס׳איז דאָרט אויך דער הימל שטענדיק זוניק־הייס
און דער ים איז אומגעהויער ווי אַ בלויער טרייסט

און די לופט איז אָנגעפילט מיט בשמים דאָרט
אַך מיר דוכט עס איז פאַר מיר דאָס בעסטע אָרט

שטייען הײַזער דאָרט געצירט מיט גערטנער ווי מיט קרוינען
גליקלעכע די אַלע וואָס דאָרט וווינען

און פֿאַרנאַכט ווען ס'גייט די זון זיך לייגן
און צו ערד זיך לאַנגע שאָטנס נייגן

קומען אַלע לײַכט געקליידטע אין דער קילער לופֿט
אָטעמען מיט עווקאַליפּטן־ און מאַראַנצן־דופֿט

אויף טעראַסן נאָך אַן אַרבעטסטאָג אַ שווערן
קוקן ווי עס לויכטן אויף די קלאָרע מזרח־שטערן

אייביק היים איז זייער ברעג פֿון ים
אין דעם מדבר־זאַמד צעגליטן פֿלאַם

דאָרטן ווו שאַקאַלן פּלעגן זײַן אויף באַרג און נידער
ציפּרעסן און פּאַלמען וואַקסן ווידער

און אויפֿגעוועקט פֿון ווינט דעם אָטעם הייסן
שטעט און דערפֿער שטייען אויף תּחית המתים

נסים זעט מען דאָרט אויף יעדן טריט און שריט
איז אַ חידוש דען וואָס לײַכט איז דאָס געמיט

פֿריילעך קלינגט דאָס פֿריידיקע געלעכטער
פֿון די שפּאָגל־נײַע ייִדן זין און טעכטער.

פּאַריז, 1961.

## נאַקטיורן א.

(אַ נאַכט אין חניתה)

צי איז עס פון מלאכים פליגלען ווײַסע
וואָס לאַנגזאַם שוועבן אין דער בלויער הייך
צי וואָלקנס וואָס פּאַמעלעך זיך צערײַסן
און שווימען שטילע דורכזיכטיק און בלייך

און אפשר איז עס גאָר אַ טײַך פון מילעך
וואָס צווישן שטערן פינקלענדיקע רינט
צו זײַנע ברעגעס ווען נאָר פליִען וויל איך
וואָלט איך געקאָנט פאַרגעסן מײַנע זינד

ס׳קאָן זײַן ס׳איז בלומען ליליען ווײַסע בליִען
און דאָס איז זייער דופט וואָס גיסט זיך דאָרט
צעגייט זיך ווי אַ רויך און ווערט פאַרשווונדן

און אפשר זינדיקע נשמות פליִען
און שטומע נישט געפינען זיך קיין אָרט
פאַרלירן זיך אין לײַכטע נעפּל־רונדן ?...

חניתה, יולי 1956

**טאניע זיסמאן**

## נאָקטיורן ב.

די אַלע נעכט האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך די נאַכט
ווי אונדזער דור האָט אײַנגעשלונגען אַלע דורות
נאָר איין אַקאָרד זײַן קלינגעוודיק געוויכט זײַן מאַכט
קאָן עפענען פאַר אונדז דעם וועג צו ספרי־תורות

אָ גיס זיך גיס זיך אַלטע געטלעכע מוזיק
פאַרגלײַך פאַרגלעט די שאַרפע שפּיצעדיקע שטיינער
וועק אויף די טרייסט צעהוידל שטיל די בלויע וויג
פיר אונדז אַהין וווּ ס'איז נאָך נישט געגאַנגען קיינער

דערצייל אונדז דאָס וואָס קיינער האָט נאָך נישט געוווּסט
און עפן אויף די טיר דער לײַדנשאַפט דעם גלוסט
פיר אונדז אַרויף די העכסטע פליסנדיקע שטיגן

צעוואַרף די שטערנדלעך פון דײַנע זילבערטריט
אַנטדעק אַנטדעק פאַר אונדז וואָס ס'איז געווען פאַרהיט
און דעמאָלט ערשט וועסט דו אויך מעגן אונדז פאַרוויגן...

פאַריז, יאַנואַר 1957

## נאָקטיורן ג.

ס'קאָן זײַן איך בין אַ מלאך גאָר מיט ווײַסע פליגל
אויב נישט פאַרוואָס האָב איך אַזוי דעם הימל ליב
איך שטיי ווי אין אַ זײַט איך קוק ווי אין אַ שפּיגל
און אַלץ וואָס כ'זע אָט דאָ אויף דר'ערד זעט אוים מיר טריב

און אויך פאַרוואָס אַנטלויפט פֿון מיר דער שלאָף כסדר
באַהאַלט זיך וויל נישט ברענגען מיר דעם זיסן טרייסט
איך פּרוּוו די פליגל נאָר מיט יעדער פלאַכער פעדער
זיי וואַרטן מאַכטלאָז איך זאָל ווערן אויסגעלייזט

און ווען פאַרטאָג איך הער די גאַס איז אויף און ברומט
דערבאַרעמט זיך דער שלאָף און ענדלעך צו מיר קומט
און שענקט ווי אַ נדבה מיר אַ בלייכן דרימל

אַ חלום ווי אַ דורכזיכטיקע ווײַסע טוך
גיי ערגעץ איך אַרום און בענק און זוך און זוך
וואָס זאָל עס זײַן וואָס קאָן עס זײַן אויב נישט דעם הימל ?...

פאַריז, 1955

## נאַקטיורן ד.

ס׳איז האַרבסט דער בלומענטאַנץ האָט זיך געענדיקט
די סאַמעטענע בלעטעלעך צעשמעטערט
נאָך פלאַטערט ערגעץ-ווו דער דינער ריח
אָן האָפנונג איז געבליבן הענגען אויף די שטעכערס
פאַרוועלקט פאַרפוילט
דאָס האַרץ פון רויז
— — — — — — — — — — — — — — — —
די נאַכט איז אויך מײַן האַרץ אין גאַנצן נאַקעט
בלויז...

## נאַקטיורן ה.

דאָס פענצטער אָפן איז אַ שפּאַן אין הימל
די שטילע נאַכט אין קילקייט זיך פאַרוויגט
דער מילכוועג איז אַ ברויט באַשיט מיט קימל
וואָס אויף אַ בלויען אויסגענייטן טישטעך ליגט

אין מיר באַגעגענען זיך אַלע וועלטן
און פונעם מילכוועג גייט צו מיר דער סוד
ווער בין איך דאָ בײַם הימל דעם פאַרשטעלטן
איך פּרוּוו אַריבערגיין דעם גרענעץ פון פאַרבאָט

אַלץ טיפער ווערט די נאַכט
נאָר דאָך אַלץ בולטער דער בוים
שנײַדט אויס אין הימל זײַנע צווײַגן

איך גלוסט נישט מער אַפילו טאָן אַ טראַכט
נאָר אָט אַזוי נישט וואָר נישט טרוים
בײַם פענצטער זיצן קוקן שטיל און שווײַגן.

פאַריז, יוני 1955

## נאָקטיורן ו.

געאָטעמט האָט די נאַכט אין פלאַמיקן אַקאָרד
צעעפנט ברייט די בלויע אויגן־בליצן
איך האָב געהערט ווי ס׳הילכט דאָס ווארגנדיקע וואָרט
ווי שטיינער שיטן זיך פון ברענענדיקע שפּיצן

באַהאַלט איך אין אַ הייל פאַרדעקט דעם קאָפּ
פאַרציט די טוך מיט ציטערדיקע פראַנדזן
דערלאָזט נישט ס׳זאָל דערגיין צום בעסטן וואָס איך האָב
דאָס פייער וואָס עס לייגן כהנים און קסיאַנדזן

איר זוכט די שטערן נאָר עס פליט דער ווילדער שוואַן
און ס׳גיסן צונגען פייער גיפט ווי שלאַנגען
מלאכים האָבן גאָר נישט מער דעם זיסן טעם
און באַלד וועט אויך נישט זיין אין פעלד קיין זאַנגען

איר זעט דאָך אַלע מיינע הערצער זיינען בלויז
אויף אַלע ליפּן וועלן שווימען שמייכלען טריבע
עס שענקט אונדז שוין דעם לעצטן הויך די מילדע רויז
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
אַ קום צו דעם פלאַנעט קום געטלעך־גרויסע ליבע.

פּאַריז, 1961

# אינהאַלט

זייט

## סוד און בענקשאַפט

## פּאָרטרעטן



## קונסט



## נאָקטיורנען